# איך
# ריהר זיך ניט
# פון אָרְט

איינע ערצאהלונג

פון

ע. ב.

# ווילנא

שנת תרנ"ה לפ"ק

НЕ ДВИНУСЬ СЪ МѢСТА.

Разсказъ. А. Блощтейна.

Соб. изд. Л. Л. Маца.

ВИЛЬНА.

Въ типографіи Л. Л. Маца, на Квасномъ переулкѣ, д. № 1195/6 1895 г.

# 1.

— ווער איז דאס ?‥: אפאטראן, וואס עסט טעג! אלזא איז פראנען דרייא ארטען חיות, ניט צווייא. אגלייכוועֶרטעל, וויא איך בין א איד! איין פארארע, וואס עסט פלייש, דיא צווייטע, וואס עסט גראז, אונ דיא דריטטע, וואס עסט טעג הההַ! הער צו דו טעג־פרעסער, פרעס מיר אויף אללע מיינע פינסטערע טעג אונ די אונמוטהיגע, כ׳ לעבען! ההה! אשיינער געשאפּט — עסען טעג!

מיט דיא רייד האט זיך לוסטיג געמאכט איבער איין ארעם בחור איונגער מאן העשל קלאפשטאך, וועלכער, אלס חתן, איז דאס געקומען צו גאסט צו זיין מחותן אליקום ציפקן. דער ארעם בחור איז דאס געקומען אהין צו מיטטאג עסען, אונ דאס וואר אין דער געגענוואַרט פון דעם גאסט, דעם חתן.

— ביטטע, העשל, הער דאך אויף… בעליידיג איהם ניט! בעט איהם בלומע, זיין כלה, וועלכע וואר אויך דער ביייא.

— אויפהערען, נאר אניים! לאכט ווייטער העשל, — הער צו דוא, שמינדרער! דוא מיינסט אין דער אמת, אז מיט באנק קוועטשענעם אונ מיט טעג פרעסען וועסטו קומען צו אתכלית! עס וועט קומען אבייבער ישובניק, צו אקצב אונ וועט דיך חאפען, וויא איין אבן טוב… וועט דיר אוועק געבען זיין טאכטער, עפעס אגראבע טושע אשווארצע הה! אונ דער צוא אייבינע קעסט! אפע! ניטא אמאלינע יאהרען דיא נארשע, מען יאגט זיך שוין ניט מעהר נאך באנק קוועטשער, ליידיג גייער, אוים מאדע! אפילו אטרענער, אבאנדער, וועלכער האט אטאכטער אשיק שלאק, אהויקער, אבלינדע, וועט אויך ניט וועלען האבען א פאטראן פאר

אַיין אַיידים אַליידיג נייער , אַדאַרמאַיעדניק , וואָס זאָל איהם זיצען אָפּען האָלז נאָך מיט אַפּאַק קינדער ביז אין דיא גראָע האָאר אַריין. נייא , שלימזלניק , בעסער צו אַשוסטער אונ לערין זיך ביא איהם דרייען דיא דראַטווע ; אָדער נייא צו אַבאַנדער אונ לערנען זיך ביא איהם אַרום שלאָגען רייפען , — אפשר וועט דיר האָפּען אַגליק אונ אַיינער פון זייא וועט דיר אַוועק געבען זיינע אַטאַכטער פאַר אַווייב, נאַטירליך אַזאַ טאָכטער , וואָס האָט רויטע לאַמקעס אויף די אויגען, גריבלעך פון פאָקען אָפּען צורה , אָדער וואָס איז גלאַט ניט קיין בעזהעמיכע . אויף בעסערע גליקען האָסטו ניט צו האָפּען .

וואָהרענד דיזען מאָנאָלאָג איז בלומה געזעסען העכסט אויפ־געריגט פון פערדרוס פאַר אַזאַ גראָבעם אונ באָזעם בענעהמען פון איהר חתן . זיא האָט איהם אימער געבעטען אין דער שטיל . ער זאָל אויפהערען ; נאָר ער האָט איהר נישט געהערט אונ גערעדט דאָס זייניגע .

מיכל חנין , דער אָרעם בחור , העדענדיג אַזעלכע רייד , האָט שוין מעהר ניט געקענט . האָט אָנגעצויגען זיין מאַנטעל אַוועק צו געהען אונ זאָגט :

— איך וועל אייך מעהר ניט זאָגען צווייא ווערטער . אייגענטליך אויף אייערע רייד , וועלכע זיינען גערעדט געוואָרען מיט אַזאַ אַיין עדעלען מאַן , האָב איך אייך נאָר נישט געדאַרפט ענטפערן ; נאָר ווײלע איך אַכטע דיזעם הויז , פון וועלכע איהר ווערט אַמיטגליד , וועל איך אייך זאָגען : איך עס ניט אומזיסט , איך פערדין מיין ברויט; אונ וואָס איך לערן איז ניט צו ליב אַפּאַרטיע , וויא איהר מיינט נאָר ווײלע איך וויל קענען לערנען . דאַרום בין איך אַאיד .

— הַהַהַ! — לאַכט העשל , — אום צוא זיין אַרבל אין אַשטעטל אונ קריגען צעהען גילדען אַוואָך פון דעם בעדער אונ האָבען אומזיסטיגע באָרד געלד ; אָבער צו זיין אַשוחט אַבוטשערינקער, אַיין עדעלע פרנסה ! אָדער צו זיין אַמלמד אַפינסטערער אונ עסען רויטע גרויפען איין מאָל אין דרייא טעג הַ הֶ הַ!

און מִיט דִיא רֵייד הָאט זִיךְ העשל אוים גֶעצְווינְגֶען אַפֶּען שְׁטוהל, פֶערְוָוארְפֶען אַפּוּס אוֹיף אַפּוּס, הָאט פֶערְדוֹיכְעֶרְט זַיין פַּאפִּירָאס אונ גֶענוּמֶען לָאזֶען כְנוֹילֶען פוּן רויךְ; אַבֵּייזֶער שְׁמֵייכֶער הָאט גֶעשְׁוָועבְּט אוֹיף זַיינֶע לִיפֶּען.

— לֶערְנֶען, לֶערְנֶען! — לַאכְט עֶר וַוייטֶער, — אַגְרוֹיסֶער גְלִיק! אָט אִיךְ קָען נִיט לֶערְנֶען אוּנ בֶּערִיהְם זִיךְ דֶער מִיט. אִיךְ נֶעהם טוֹיזֶענְד רוּבֵּל נַדַן אונ דֶער צוּ נָאךְ אַזַא וואוהלֶע כלה הָ חָ! אונ נָואס וָועסְטוּ נֶעהמֶען, שְׁמִינְדֶער? צְוָועלְף קַארְבֶּען, אִי דָאס נִיט אִין מְזוּמָן, אונ דֶער צוּ אַצִיג; אונ אכלה, וָואס וֶועט קֶענֶען שְׁטֶעהֶען פַאר אַפּוּנַאלָא אִין אַגָארְטֶען הֶע הֶע הֶע!

— הֶער דָאךְ אוֹיף, העשל, — בֶּעט אִיהם וִויעדֶער בלומה.

— וָואס עֶפֶּעס אוֹיפְהֶערֶען! וואוּ אִיךְ וֶועל שְׁטֶעהֶען אונ גֶעהֶען, וֶועל אִיךְ זֶעהֶען אוים צוּ בַאמֶען דִיא טוֹיגֶע גִיכְסֶטֶען! . . . אוֹיף מַיין שְׁוָוער וָועל אִיךְ זַייא גִיט אַרוֹיף לָאזֶען דִיא פַּאַראזִיטֶען, דִיא אוּנְנוּטְצְלִיכֶע בְּרוֹיט-עֶסֶער, דִיא לֵיידִיג גֶעהֶער!

— אִיךְ וַוייס נָאךְ נִיט, וָוער עֶס אִיז אַלֵיידִיג גֶעהֶער: צוּ דֶער, וָואס זִיטְצְט אַגַאנְצֶע נַאכְט אונ לֶערְנְט, אָדֶער דֶער וָואס שְׁפִּילְט אִין קָארְטֶען גַאנְצֶע נֶעכְט; אונ וָוער אִיז אַיין אוּמְזִיסְטִינֶער עֶסֶער? צוּ דֶער, וֶועמֶען מֶען גִיט עֶסֶען דֶער פַאר. וָואס עֶר לֶערְנְט, צוּא דֶער, וֶועלְכֶער תַאפְּט גֶעלְט אונ פֶערְשְׁטָארְט זַייא מִיט לִידֶערְלִיכֶער גֶעזֶעלְשַׁאפְט?

דִיא וֶוערְטֶער הָאבֶּען העשלען שְׁטַארְק אָנְגֶענְרִיפֶען. עֶר אִיז גֶעוָוארֶען רוֹיט פוּן כַּעַס, אִיז הַאסְטִיג אוֹיפְגֶעשְׁפּרוּנְגֶען . . . נָאר מיכל אִיז שׁוֹין לַאנְג גֶעוָועזֶען אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען. עֶר הָאט גֶעוָועלְט אוים גִיסֶען זַיין הַארְץ פַאר בלומהן, וָואס יֶענֶער הָאט גֶעוַואגְט אִיהם אַזוֹא פִיל צוּ בֶּעלֵיידִיגֶען; נָאר זִיא אִיז אוֹיךְ גֶעוָועזֶען שׁוֹין אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען פוּן דַאנֶען. דִיזֶע כְצָענֶע הָאט אִיהר פִיל פֶערְדְרוּס פֶערְשַׁאפְט.



(נִיט פוּן ארט) אליקום

## 2.

אליקום ציפקין האט זיך גערעכנט פאר אשיינעם בעל הבית אין דער שטעטל ל׳. ער וואר ניט רייך, אבער גיט ארעם אויך. האט געהאט איין איינענעם הויז אין עק שטאדט, וואו ער האט געהאלטען איין אכסניא לאורחים, דער צו האט ער געהאנדעלט מיט פלאכס אונ מיט זומען, ניט מיט זיין איינענעם קאפיטאל — דאס האט ער גיט געהאט, — נאר ר׳ גרונם וויים, דער גביר פון דער שטעטל, פלעגט איהם געבען געלד אויף צו האנדלען, וויא פיל ער האט נאר געדארפט. ער האט געהאט צו איהם פיל צוטרויען, דען דער אליקום איז ווירקליך געוועזען איין עהרליכער מאן. אונ אפרעמדע קאפייקע האט ער געהיט, וויא איין היילינטהום. ער האט שוין עטליכע קינדער חתונה געמאכט אונ דאס האט איהם גיט געלאזען צוזיך קומען. איצטער דארף ער חתונה מאכען זיין איננסטע טאכטער בלומה, ער האט פאר איהר צוא זאממען געשלאגען מיט גרויסע שוויריגקייטען ארובל אכט הונדערט נדן אונ ער האט זיך מתחיב געוועזען צו לייגען צו דער החתונה דיא גאנצע טויזענד רובל, נאר ער האט געהאפט, עס וועט דורך געהען מיט אכט הונדערט אויך. אזוא פיהרט זיך דיא וועלט. דער חתן איז דאך געוויס איין עדעלמאן אונ איין עדעלמאן וועט געוויס גיט צו לאזען צוא לייטישע געלעכטער; דעסמא מעהר אז ער ליבט אזו זיין טאכטער אונ זיא איז ווירקליך ליבענסווירדיג.

זיין טאכטער בלומה וואר געזונד אונ שיין, אונ דער צוא מילד אונ גוט אין כאראקטער. זיא פלעגט האבען מיטלייד מיט ארעמע אונ נאטלײדענדע; זיא האט געהאט אקליינעם קאפיטאל, וועלכעז זיא פלעגט פערלייען ארעמע פרויען, אלס גמילות חסד, זייא זאלען דער מיט האנדלען אפען מארק אונ פערדינען זייער ברויט; זיא האט אויך געטאן אנדערע מאנכע טובות, וואו זיא האט נאר געקענט. פון מאדעס פון פוטץ האט זיא גיט געוואוסט;

האט ניט געוואלט געזעלשאפטען וועלכע ברייננען קיינען נוטצען; זיא פלעגט זיך שטענדיג איינגעפינען צו הויזע, פלעגט מיט העלפען איהרע עלטערן אין געשעפט אונ אין ארבייט, אום זייערע לאסט אונ זארגען צו ערלייכטערן. האט זיך פארגעשטעלט איהרע צו-קונפט ניט אין גלאנץ אונ לוקסוס. נאר אין אשטיללען, רוהיגען אונ פרידליכען לעבען מיט אמאן, וועלכער, זיא האפט, וועט פערשטעהען איהר צוא שאטצען, אונ וועלכען זיא וועט זוכען גליקליך צו מאכען.

איהר חתן הערשל קלאפשטאך וואר פון אדערבייאינגע גרויסע שטאדט. זיין פאטער וואר אפלאפס האנדלער, וועלכער איז אונגלאנגסט געשטארבען. היינט, אונטער דער פירמא פון דעם פאטער, האט ער זיך אויך געזאגט, ער איז אפלאפס האנדלער, אונ דער פאר האט זיך דאס אליקום נעקוואפעט אויף איהם; זיין טאכטער וועט האבען אמאן אקויפמאן, פאר וועלכען זיא וועט האבען זאטטע ברויט מיט ארוהיגען קאפף אונ אגעזונטע הארץ.

ער איז אבער ניט געוועזען ווירקליך, וואס ער האט געשיינט צו זיין, ער איז געוועזען אליידיג געהער, אפראנט אונ האט זיין לעבען פער-בראכט מיט לידערליכער געזעלשאפט. נאר אום צוא ווארפען שטויב אין דיא אויגען, דאס הייסט, אום צוא בעווייזען, אז ער איז אקויפמאן פון פלאכס, — ער שטעהט דאך אין שדוכים אונ ווילל אסך נדן, אונ דיא מחותנים אין שווארץ-יאהרען, ווילען ניט געבען געלד עפעס גלאט אזוא, זא האט ער גענומען אשותף איין ארעמען אידען אסבין, וועלכער זאל אויפקויפען פאר איהם פלאכס אין דיא דאפער. דורך דעם מיטעל האט ער ערייכט זיין ציל: אי ער איז אקויפמאן — דען ער האנדעלט דאך, אי ער געהט ליידיג — דען יענער הארעוועט פאר איהם. דער צו פלעגט ער נאך ארום געהען אין אגראען מאנטעל, וויא דיא דייטשען — דיא פלאכס-האנדלער, אונ אויף דיא קנעפלאך ארום געוויקעלט שטיקלעך פלאכס, זא איז ער שוין געוויס אקויפמאן. מאנכמאל פלעגט ער

(ניט פון ארט) אלליין

אַלְלֵיין אַרוּיס פָּאתְרֶען אַיינְקוֹיפֶען פְלַאקְס אִין אַיין אַנְדֶער גֶעגֶענְד, נִיט וואוּ דֶער שׁוּתָּף פְלֶעגְט פָאהרֶען. דָא אִיז אִיהם אַיינְגֶעפַאלְלֶען אַנְלִיקְלִיכֶער גֶעדַאנְקֶע: בַּייא יֶעדֶער פַּארְטִיֶע, וָואס עֶר פְלֶעגְט קוֹיפֶען, פְלֶעגְט עֶר זָאגֶען, אַז אִיהם קָאסְט דִיא סְחוֹרָה מִיט אַדְרִיטְל וַויינִיגֶער, וִויא פִיל עֶר הָאט ווירְקְלִיךְ בֶּעצָאהלְט. דַאדוּרְךְ הָאט עֶר גֶעטָאן צְוַוייא פְּעוּלוֹת: עֶרְסְטֶען הָאט זִיךְ דָאךְ אַרוּיס גֶעווִיזֶען, אַז עֶר אִיז דֶער בְּרִיָה נִפְלָא אִין פְלַאקְס הַאנְדֶעל, אוּנ צְווייטֶען קָען עֶר דָאךְ דֶעם שׁוּתָּף פָארְוִוירְפֶע מַאכֶען, פַאר וָואס עֶר הַאנְדֶעלְט נִיט טְרַייא אוּנ עֶנֶערְגִישׁ. בַּיים אָבְגֶעגֶעבֶען דִיא פְלַאקְס אִין קַאנְטָאר, פְלֶעגְט אִים אָפִּילוּ אוֹיס קֹמֶען אַשְׁטִיקְל שַׁאדֶען, צבי״ש עֶר הָאט אָבְגֶעגֶעבֶען דִי פְלַאקְס פַאר דֶעם זֶעלְבֶען פְּרַייז, וָואס עֶר הָאט אַלְלֵיין גֶעצָאהלְט אוּנ אַמָאל נָאךְ וַויינִיגֶער, — אוּנ וִויא עֶר הָאט גֶעזָאנְט דֶעם שׁוּתָּף זַיין פְּרַייז, וָואס עֶר הָאט גֶעצָאהלְט, אִיז אוֹיס גֶעקוּמֶען פַּרְנָסָה פִיר פִינְף הוּנְדֶערְט רוּבְּל. זָא הָאט עֶר אִיהם גֶעמוּזְט אוֹיס־צָאהלֶען אַהֶעלְפְט פוּן דִיא פֶערְמַיינְטֶע פַּרְנָסָה. דָאס אִיז אָפִּילוּ אַשַׁאדֶען, אֶמֶת; אָבֶער דֶער פַּאר קְרִיגְט עֶר זִיךְ אַנָאמֶען פַאר אַבְּרִיָה, אַמַזִיק אִין דֶעם פְלַאקְס גֶעשֶׁעפְט, אוּנ צוּ אַשִׁידוּךְ וֶועט עֶס אִיהם אַיינְטְרָאגֶען צֶעהֶען מָאל אַזוֹא פִיל.

אַם עֶנְדֶע הָאט זִיךְ דִיא רֶעכְנוּנְג בֶּעווִיזֶען גַאנְץ אַנְדֶערְס; פוּן דִיא גְלִיקְלִיכֶע גֶעשֶׁאפְטֶען, וָואס עֶר פְלֶעגְט אַלְלֵיין מַאכֶען, פוּן דֶעם שׁוּתָּף, וֶועלְכֶער אִיז גֶעוֶועען אַיין אָרֶעמְמַאן אַמְטוּפָל מִיט נַייעֶן קִינְדֶער אוּנ וֶועלְכֶער הָאט נִיט גֶעקוּקְט, צוּא אִיז דָא פַּרְנָסָה צוּ נִיט, לֶעבֶּען דַארְף מֶען; אוּנ פוּן דִיא לַאנְגֶע ווִינְטֶערְנֶעכְט, וָואס הֶעשׁל פְלֶעגְט פֶערְבְּרֵיינְגֶען מִיט דֶער מַלְכָּה פִיק, — הָאט זִיךְ פוּן זַיין גַאנְצֶע יְרוּשָׁה אוֹיס גֶעלָאזֶען אַבִּיטֶערֶע צִיבֶּעלֶע אוּנ עֶר אִיז נָאךְ גֶעבְּלִיבֶּען בַּעַל חוֹב.

אוּנְזֶער הֶעשׁל קְלָאפְּשְׁטַאךְ שְׁטֵייט שׁוֹין אִין שִׁדוּכִים אַיָאהר 13 פוּן נָאךְ דֶעם בְּרִיזִיוּ אָן. עֶר הָאט זִיךְ אָבּ גֶעשְׁטֶעלְט אִין דְרַייא טוֹיזֶענְד רוּבְּל נַדָן, וַויינִיגֶער אַקָאפֵּייקֶע נִיט. אָבֶּער צוּם אוּנְגְלִיק,

(נִיט פוּן אֶרְט) דער

דָער, וָואס נִיט זַיין טָאכְטָער 3000 רוּבְּל, קָען נָעפִינָען אַבְּעסֶערֶע סְחוֹרָה וִויא עֶר אִיז, זָא הָאט מָען זִיךְ נָאךְ אִיהם נִיט נָעיָאגְט אוּנ עֶר אִיז נָעבְּלִיבָּען זִיטְצָען. עֶר אִיז אַזוֹא אָב גֶעזֶעסֶען אַיָאהר פִינְף. עֶר זָעהְט, עֶס אִיז נִיסְט, זָא הָאט עֶר אַרָאבּ גֶעלָאזָען פוּן זַיין בִּירְקֶע 1000 רוּבְּל. אַגוּטְסְקַייט, חָלָעבְן! דָאס הָאט אֶבֶּער אוֹיךְ נִיט גֶעהָאלְפָען. עֶס לוֹיפְט אָבּ אַיָאהר נָאךְ אַיָאהר, — עֶס אִיז נִיסְט. עֶר הָאט צַרָאבּ גֶעלָאזָען נָאךְ 1000 רוּבְּל. דָאס הֵייסְט אִין אַמֶשֶׁךְ פוּן צֶעהָען יָאהר אִיז עֶר אָבְּנֶעזֶעסֶען צְוַוייא טוֹיזֶענְד רוּבְּל, וִויא אַלֶע בַּעֲלֵי חוֹבוֹת זִיטְצָען אָבּ אִין דָאלְגָאוָואיָע אָטְדֶעלֶענִיָע זַייעֶרֶע חוֹבוֹת. נָאר פַאר טוֹיזֶענְד רוּבְּל הָאט מָען זִיךְ אָן אִיהם אוֹיךְ נִיט נֶעחַאפְּט, בִּיז עֶס אִיז נֶעקוּמֶען אליקום ציפקין, וָועלְכֶער הָאט אִיהם נִיט גוּט גֶעקֶענְט, אוּנ עֶס אִיז נֶעוָוארֶען שִׁידוּךְ מִיט מַזָל.

הַיינְט אִיז עֶר דָאס נֶעקוּמֶען צוּ נַאסְט צוּ דֶער כלה, אוּנ אִין צְוַוייא מָאנַאט אַרוּם דַארְף זַיין זַייעֶר חֲתוּנָה.



## 3.

מיכל חאנין. דֶער אָרוּם בָּחוּר, אִיז אַרוֹיס נֶעלָאפֶען פוּן אליקומס שְׁטוּבּ, וִויא פוּן אַפֶּעסְט. עֶר הָאט דֶעם מָאל נֶעהַאט אַזַא בֶּעלֵיידִיגוּנְג, וָואס הָאט אִיהם נֶעקְרֵיינְקְט בִּיז צוּם טוֹיט. וְוִיא עֶר אִיז אַרָאבּ פוּן דִיא טְרֶעפּ אִיז יִיהם אַרוֹיס אַשְׁטְרָאם טְרֶעהְן; עֶר אִיז נֶעשְׁטַאנֶען אַוַויילֶע אָנְגֶעשְׁפִּיטְצְט אָן וַואנְד אַזוֹא צוּא טוּמִילְט, אַז עֶר הָאט נִיט גֶעוואוּסְט, וואוּ הִין צוּ נֶעהֶען. עֶר אִיז בַּאלְד אַוָועק נֶעלָאפֶען אִין בֵּית מֶדְרָשׁ, וואוּ יֶעמָאלְט אִיז קֵיינֶער נִיט גֶעוֶוען; הָאט זִיךְ אַוָואֹרְף נֶעטָען אָן אַשְׁטֶענְדֶער, אָנְגֶעשְׁפִּיטְצְט דֶעם קָאפְּף אָן זַיינֶע בֵּיידֶע הֶענְד אוּנ הָאט נֶעוֵויינְט.

ער איז געווען אַיאהר 24 שיין פון אַנזעהען, אונ וויא אָרעם, איז ער דאך געווען זויבּער אונ אָרענטליך נעקליידעט. איז געווען אַמלמדס אַזוהן, ניט פון רייכען שטאנד. ער האט געקענט גוט לערנען אונ איז געווען אַגוטער משכּיל אין דער העבּראַישער ליטעראַטור, האט אויך געקענט אַמאסע רוסישע אונ דייטש, וואס ער האט געלערנט פון זיינע חברים זייענדיג אין וואַלאָזין, וואו הין עס קומען צו זאַמען געבּילדעטע יונגע לייט פון אַללע ווייטע שטאָדט. ער האט זיך דא אין דער שטעטל זעהר בּעליבּט געמאַכט דורך זיינע קענטנים אין לערנען אונ דורך זיין שיינעם בּענעהמען. ער האט קיין טעג ניט געגעסען, נאר ער פלעגט זיך אַנדינגען קעסט; נאר איצטער האט ער געגעסען צו מיטטאג בּייא אליקום ציפקין פאַר אַשטונדע, וואס ער האט געגעבּען זיין טאכטער בּלומה אין העבּראַיש.

בּייא אליקומען אין הויז איז ער געווען זעהר אָנגענומען אונ געאַכטעט. אליקום אַלליין אין זיינע פרייע שטונדען פלעגט זיך מיט איהם אונטערהאַלטען אויפ'ס פריינדליכסטע. זיינע פרוֹיא פריידע האט איהם געליבּט פאַר זיין אָרדענטליכקייט אונ האט איהם בּעטראַכט וויא זייערן אַפאמיליענגליד. אונ בּלומה אַליין האט איהם ערוויזען דיא גרעסטע אַכטונג אונ פריינדליכקייט. צום עסען פלעגט זיא איהם אַלליין דערלאַנגען צום טיש. פלעגט איהם דערלאַנגען דאס בּעסטע, פלעגט איהם אָנקוקען זעהר מילד אונ פלעגט נאך מאנכע מאל אַזיפץ געבּען קוקענדיג אויף איהם.

מיכל חאנין האט זיך געפונען העכסט צופרידען, ווען ער פלעגט קומען צו זיי אין הויז. זייענדיג בּייא זייא האט ער זיך געפיהלט, וויא צווישען אייגענע מענשען; צווישען פריינדע, וועלכע זארגען פאַר איהם אונ ווינשען צו זעהען אויף איהם פיל גוטעס. איבּער הויפט דיא פריינדליכע בּעהאנדלונג פון דער שיינע בּלומען, איהרע מילדע אונ גוטע צו איהם האבּען איהם גליקליך

(ניט פון ארט) געמאכט

נֶעמַאכְט ; גֶעהָען צוּ זַייא אִין הוֹיז צוּ זֶעהָען אִיהר שֵׁיינֶעס גֶעזִיכְט , אִיהר לִיבְּלִיכֶע מִינֶע אִיהר פְרַיינְדְלִיכֶען בְּלִיק אִיז בַּייא אִיהם גֶעוֶוען אַנְאנְצֶע פְרַיידֶע . עֶר אִיז אָבֶּער נִיט גֶעוֶוען גֶענַארְט אִין זִיךְ אוּנ הָאט גַאנְץ גוּט גֶעוואוּסְט , אַז זִיא אִיז וַוייט פוּן אִיהם וְויא הִימְמֶעל פוּן דָער עֶרְד . עֶר הָאט גַאנְץ גוּט גֶעוואוּסְט אַז עֶס אִיז שׁוֹין נִיטָא אַמָאלִינֶע יָאהָרֶען , ווען אַבַּעל הַבַּיִת פְלֶעגְט צוּ הַאפֶּען אַקְלוֹיזְנִיק , פְלֶעגְט אִיהם בֶּעקְלַיידֶען אוּנ בֶּענַייֶען , פְלֶעגְט אִיהם גֶעבֶּען קֶעסְט אוּנ זַיין טָאכְטֶער אוֹיךְ דָער צוּ , הַיינְט קוּקְט מֶען אוֹיף אַיין אָרֶעם בָּחוּר מִיט פֶערְאַכְטוּנְג , אוּנ עֶס אִיז אַגְרוֹיסֶער חֶסֶד , אַז מֶען לָאזְט אִיהם נָאר אַרַיין אִין אַיין אַנְשְׁטָאנְדִיגֶעס הוֹיז אוּנ מֶען רֶעדְט מִיט אִיהם אַפְרַיינְדְלִיךְ וָוארְט . אָבֶּער דָאךְ דָאס הַארְץ וַויים דֶער פוּן נִיט . עֶס הָאט אִיהם עֶפֶּעס גֶצוֹיגֶען צוּ אִיהר . . . עֶר פְלֶעגְט זַיין גְלִיקְלִיךְ דָארְטֶען צוּ זַיין . עֶר הָאט זִיךְ נָאר גֶעוואוּנְשֶׁען , אִיהר אִימְמֶער צוּ קֶענֶען זֶעהֶען , זִיךְ אָנְרוּפֶען אַייבִּינְ זַייעֶר הוֹיז פְרַיינְד ; עֶס זָאל זִיךְ וֶוען מַאכֶען אַגֶעלֶעגֶענְהַייט אִיהר צוּ טָאן עֶפֶּעס אַגְרוֹיסֶער גֶעפֶאלְלִיגְקֵייט , וָוא דוּרְךְ עֶר זָאל אִיהר קֶענֶען זָאגֶען , עֶר ווִיל זִיךְ אָנְרוּפֶען אִיהר בְּרוּדֶער : עֶר הָאט אוֹיךְ גֶעהָאפְט וֶוען עֶס אִיז צוּ גֶעווִינֶען דִיא פְרַיינְדְשַׁאפְט פוּן אִיהר מַאנֶען , עֶר זָאל קֶענֶען הָאבֶּען אַייז אַיינְטְרִיטְט אִין זַייעֶר הוֹיז נָאךְ זַייעֶר חֲתוּנָה . — מִיט אַמָאל הָאט אִיהם דִיזֶער בֶּעלַיידִיגְט אַזוֹי נִידֶערְטְרֶאכְטִיג !

עֶר הָאט אִיהם בֶּעווִיזֶען זַיין פִינְסְטֶערֶע אוּנ בִּיטְטֶערֶע לַאנֶע אִין אַזַא טָאן , וָואס הָאט אִיהם גֶעמַאכְט שׁוֹידֶערְן ; עֶר הָאט אִיהם פֶערְשְׁוַוארְצְט אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דָער , וֶועלְכֶע עֶר הָאט אַזוֹיא פֶערְנֶעטְטֶערְט , פַאר וֶועלְכֶע עֶר הָאט זִיךְ גֶעוֶועלְט אָנְרוּפֶען בְּרוּדֶער . וָואס וֶועט זִיא יֶעטְצְט פוּן אִיהם דֶענְקֶען ! וָואס פַאר אַמֵיינוּנְג וֶועט זִיא יֶעטְצְט הָאבֶּען פוּן אִיהם ? זִיא וֶועט אִיהם יֶעטְצְט בֶּעטְרַאכְטֶען פַאר אַיין עֶקֶעלְהַאפְטֶעס וֶועזֶען , וָואס קַיין אַנְשְׁטָאנְדִיגֶעס הוֹיז קָען נִיט לַיידֶען . יֶעטְצְט אִיז

פאר איהם פערשפּארט אַללע טהירען; ער קען שוין מעהר זייער שוועלל ניט בעטרעטען; ער וועט איהר שוין מעהר ניט קענען זעהען, מעהר ניט הערען פון איהר אפריינדליכעס ווארט. מיט איין מאל איז פון איהם אבגעשניטען געווארען אַללע פריידען אונ גוטע האפפנונגען. ער איז שוין וויעדער עלענד, וויעדער איינזאם אויף גאטטעס וועלט; ער זעהט מעהר ניט דיא פינסטערע וואנד פון דעם בית מדרש אונ הערט מעהר ניט, דעם טרויעריגען מאטיוו פון דיא ארעמע לייט, וועלכע קומען פארטאג אויסגיסען זייער טרויעריגעס הערץ אין תהלים זאגען, אונ דאס מאכט זיין טרויעריגע לאנגע נאך טרויעריגער.

— אָ, — רעדט ער צו זיך, — וויא גרויס מיין יאמער איז! יעדער ליידאק ערלויבט זיך איבער אונז זיך לוסטיג צו מאכען! יעדער טויגעניכטס ערלויבט זיך אונז צו טרעטען מיט דיא פיס! אונ פאר וואס? צו דען אז מיר זיינען ארעם, האבען מיר קיין הארץ ניט? האבען קיין אויגען ניט, האבען קיין געפיהל ניט?... וויא פאלש דיא וועלט איז!... וויא אַללע קוקען נאר אויף דעם אויסערליכען גלאנץ! דער העשל איז אזויא גראב, אזויא אונגעצאגען, אונגעבילדעט, שטאלצירט נאך דארויף, וואס ער קען ניט לערנען; ער האט אויך קיין געלד, איז אשופט אקארטענשפּילער — וויא איך האב געהערט, — אונ ער נעהמט אפרויא אַזא ליבעס וועזען, איהם שטעהט פאר אַזא גליקליכעס לעבען! אונ וואס איז דא אין איהם? מעהר ניט וואס ער טראגט אמאניקקע, איז אגראבער מענש אונ אַגרויסער עזות פנים.

ער האט גענומען ארום געהען הין צוריק אין העפטיגער בעוועגונג.

— וואס טהוט מען? — פרעגט ער זיך ווייטער, — וואס וועט פאר זיין פון מיר? ניט שוין זאל איך פערבלייבען אין דיזער נידריגער לאגע?... ניין, דאס קען ניט זיין! איך מוז

לוֹיפֶען פוּן דַאנֶען . . . אַוֶועק וַוארְפֶען לֶערְנֶען . . . זִיךְ זֶעהֶען אַרַיין צוּ וַוארְפֶען אִין דִיא נֶעשֶׁאפְּטִינֶע וֶועלְט, אָנְקוּמֶען וואוּ עֶס אִיז פַאר אַיוּנְג אִין אַנֶעשֶׁאפְּט . . . נָאר נִיט אָנְצוּרוּפֶען זִיךְ קְלוֹיזְנִיק, אָרֶעם בָּהוּר . . . פִּילְלַייכְט וֶועל אִיךְ זִיךְ קֶענֶען אַרוֹיס מַאכֶען פוּן דִיזֶע פִינְסְטֶערֶע לַאגֶע . . . פִילְלַייכְט וֶועל אִיךְ נָאךְ שְׁטַייגֶען. אָבֶער אוֹי וַויי! אַז אִיךְ וֶועל אַוֶועק פוּן דַאנֶען, וֶועל אִיךְ דָאךְ אִיהר שׁוֹין נִיט מֶעהר זֶעהֶען ... קֶען אִיךְ אִיהר דֶען פֶערְגֶעסֶען? . . . נֵיין, דָאס קֶען אִיךְ נִיט! אִיךְ מוּז דָא פֶערְבְּלַייבֶּען . . . אִיךְ וֶועל אִיהר אַמָאל זֶעהֶען דָא פֶערְבַּייא גֶעהֶען . . . אִיךְ וֶועל אִיהר אַמָאל בֶּעגֶעגְנֶען דֶא אַפֶען גַאס. יֶע, אִיהר צוּ זֶעהֶען וֶועט מִיר זַיין אַבֶּעלָאהנוּנְג פַאר אַלֶץ. יֶע אִיךְ פֶערְבְּלַייבּ דָא. לָאז מֶען לַאכֶען פוּן מִיר . . . לָאז מֶען מִיךְ טְרֶעטֶען מִיט דִיא פִּים, — נָאר אִיךְ קֶען נִיט זַיין וַוייט פוּן אִיהר. יֶע, זִיא אִיז נִיט שְׁלֶעכְט צוּ מִיר. אִיךְ וֶועל נִיט גְלוֹיבֶּען אַז זַיינֶע בְּרוּטַאלֶע רֵייד זָאל הָאבֶּען עֶטְוָואס אַיין אַיינְפְלוּס אוֹיף אִיהר. זִיא אִיז דָאךְ אַזַא גוּטֶעס וֶועזֶען! יֶע, אִיךְ וֶועל אִיהר אִין הַארְצֶען רוּפֶען שְׁוֶועסְטֶער . . . וַויא לִיבּ אִיז מִיר דִיזֶער נָאמֶען: בלומה מַיין שְׁוֶועסְטֶער! אִיךְ וֶועל אִיהר זַיין אִיהר שׁוּטְצֶענְגֶעל פוּן וַוייטֶען: אִיךְ וֶועל נָאךְ פְרֶעגֶען נָאךְ אִיהר . . . וֶועל רֵיידֶען וֶוענֶען אִיהר . . . פִילְלַייכְט מַאכְט זִיךְ נָאךְ אַגֶעלֶעגֶענְהַייט, וואוּ אִיךְ וֶועל אִיהר קֶענֶען דִינֶען; דַאן בִּין אִיךְ גְלִיקְלִיךְ, אַז זִיא וֶועט זֶעהֶען אִין מִיר פְרַיינְדְשַׁאפְט פוּן אַבְּרוּדֶער.



# 4.

פוּן דֶער גֶעשִׁיכְטֶע פוּן דֶער בֶּעלַיידִיגוּנְג אִיז מיכל חאנין שׁוֹין מֶעהר נִיט גֶעגַאנְגֶען צוּ אליקום ציפקין אִין הוֹיז. זַייא

(ניט פון ארט) האבען

האבען אַפִּילוּ אײנינע מאל געשיקט נאָך איהם, אליקום האט זיך אַלײן מיט איהם אַמאָל געזעהען אונ געבעטן : ער זאָל קומען, — עס האט אָבער ניכטס געהאָלפען, ער איז ניט געגאנגען. הערשל איז שוין מעהר ניט געווען בײא זײא, איז אַוועק געפאָהרען צוריק אַהײם, אונ זײא אַלײן האבען איהם דאך קײן מאָל אַוואָרט ניט געזאָגט איין אונגאַנגענעהמען, — ער איז פאָרט ניט געגאנגען, ער האט זיך ניט געקענט וויזען פאַר בלומהן, וואָס פאַר איהרע אויגען איז ער אַזויא בעלײדיגט געוואָרען.

עס איז אַזויא פאָראיבער צוויא מאָנאַטען, עס איז געקומען דיא צײט פון דער האכצײט, וועלכע מען האט געפײערט אין דעם, וואס מען האט אָב גערעדט.

עס איז עקף אודר אין דער נאכט. בײא אליקום ציפקין האבען זיך שוין צו זאמען געקליבען אַללע געסט. אין שטוב שטעהען צווײא טישען לאנגס צווײא ווענד וויא אַדלד. דיא טישען זײנען געדעקט מיט ווײסע טישטיכער, בעלײכטעט מיט ליכט אונ מיט לאמפען, אויסגעשטעלט מיט פערשידענע בוטלען משקה מיט באקאלען אונ גלאזער אונ פערשידענע צו בײסען. אויבען אַן זיצט דער חתן, אונטער בעקאנטער הערשל קלאפשטאק; פאַר איהם אַפען טיש ליגט אַגרויסער שטריצעל, וויא בײא אידען פיהרט זיך. נעבען איהם זיצט דער רב פון שטעטל, איין אַלטער אַנגעזעהנליכער מאן ; דער בײא זיצט דער גביר פון שטאָדט ר׳ גרונם ווײס, פאַר וועלכען אליקום ציפקין פלעגט האַנדלען אונ בײא וועלכען ער וואָהר זעהר אָנגענומען. ווײטער זײנען געזעסען נאך שײנע בעלי בתים, אַנגעזעהנע לײט, וועלכע האבען זיך אויסגעצײכנט דורך זײער רײכטהום, האַהלטהאטינקײט, דורך זײער תורה אונ יראת שמים.

דאס זײנען אַללע געקומען צו קבלת פנים צום חתן.

פון אַדערבײאינע הויז הערט זיך דאס שפילען פון כלי זמר.

(ניט פון ארט) דען

דָען דִיא כַּלָה זִיטְצְט דָארְט צוּ בֶּעדֶעקְנְס אוּנ דֶער בַּחוּר שְׁטֶעהט דָארְט אוּנ זָאגְט זַיינֶע מוּסָר, אוּנ דִיא צַארְטְלִיכֶע גֶעפִיהל פָאלְלֶע הֶערְצֶער פוּן דִיא פְרוֹיֶען זַיינֶען הֶעכְסְט בֶּעוֶועגְט פוּן זַיינֶע רֵייד, מִיט וֶועלְכֶע עֶר שִׁילְדֶערְט דָאס קִינְפְטִיגֶע לֶעבֶּען פוּן דֶער יוּנְגֶע פָּאאר אוּנ וַוייזְט אוֹיךְ מִיט פֶערְנוּנְפְט, וָואוּרִין עֶס בֶּעשְׁטֶעהט דָאס גְלִיק אוּנ דִיא נוּטְצֶע מַעֲרָכָה פוּן דִיא פְרוֹיֶען.

אַנְדֶערֶע וַויינֶען אוּנ חָלִיפֶּען. אוּנ עֶס אִיז וִוירְקְלִיךְ דָא וָואס צוּ וַויינֶען, וֶוען דִיא פְרוֹיֶען טְרֶעטֶען אַריין אִין אַיין אַנְדֶער פֶּערְיָאד פוּן לֶעבֶּען אוּנ זַייא וֶוערֶען אַבְּהֶאנְגִיג פוּן פְרֶעמְדֶע מֶענְשֶׁען, מִיט וֶועלְכֶע זַייא הָאבֶּען זִיךְ נִיט עֶרְצָאגֶען צוּ זַאמְמֶען אוּנ קֶענֶען זִיךְ אִין פִיל זַאכֶען נִיט שְׁטִימְמֶען, וַואדוּרְךְ עֶס קוּמֶען אַרוֹיס דִיא עֶרְסְטֶע אוּנְאַנְגֶענֶעהמְלִיכְקֵייטֶען אִים לֶעבֶּען. הַיינְט מוּז מֶען דָא כוּיֶען אַיין אַנְדֶער אַרְט לֶעבֶּען, אוֹיפְטָאן נַייֶע מִיטְטֶעלֶן צוּר עֶקְסִיסְטֶענְץ, וָוער וַוייסְט ... אוּנ וֶוער וַוייסְט ... מֶען דַארְף דָא נֵייטִיג הָאבֶּען דִיא הִילְפֶע פוּן יֶענֶעם פָּאטֶער, וֶועלְכֶע קֶען אַלְלֶעם הֶעלְפֶען; נָאר דַאצוּ דַארְף מֶען נִיט זַאלְעֶווען אַבִּיסְל טְרֶערְן.

דָא דִיא גֶעסְט, וֶועלְכֶע זִיטְצֶען בַּייא דֶעם חָתָן, זַיינֶען אִין גֶעשְׁפַּאנְטֶער עֶרְוַוארְטוּנְג: עֶס אִיז שׁוֹין צַייט צוּ גֶעהֶען צוּ דֶער חוּפָּה אוּנ מֶען גֶעהט נָאךְ נִיט; וָואס קֶען דָאס זַיין? עֶס אִיז דָאךְ שׁוֹין אַלְלֶעס בֶּערֵייט צוּ דֶער חָאכְצַייט; דִיא גֶעסְט זַיינֶען שׁוֹין אוֹיךְ אַלְלֶע דָא; מֶען וַוארְט שׁוֹין מֶעהר אוֹיף קֵיינֶעם נִיט. עֶס אִיז שׁוֹין שְׁפֶּעט אִין דֶער נַאכְט, — אוּנ עֶס רִיהְרְט זִיךְ נָאךְ נִיט פוּן אָרְט. דֶער חָתָן הֶעשֶׁל זִיטְצְט גַאנְץ רוּהִיג, אַקְלֵיין שְׁמֵייכֶעלֶע שְׁוֶועבְּט בַּייא אִיהם אוֹיף דִיא לִיפֶּען; אָבֶער דָאס שְׁמֵייכֶעלֶע וַוייזְט אוֹיס נִיט קֵיין הֵיימְלִיכֶער.

אלִיקוּם ציפּקין זֶעהט זִיךְ עֶפֶּעס נָאר נִיט. מֶען הָאט אִיהם יֶע נֶעזֶעהֶען בַּיין מְהִיר פַארְבַּייא לוֹיפֶען אִין אַיין אַנְדֶער צִימְמֶער, עֶר אִיז זֶעהר צוּ טְרָאגֶען אוּנ פֶערְדַאגְט. אַלְלֶע זַיינֶען הֶעכְסְט פֶערְוואוּנְדֶערְט.

לאז     (ניט פון ארט)

— לָאז מֶען מַאכֶען דִיא חוּפָּה — גִיט אַנְגעשְׁרַייא ר׳ גרונם וויים.

— מַאקָע וָואס מַאכְט שְׁהִיוֹת ? פְּרֶעגְט דֶער רָב.

עֶס אִיז גֶענַאנְגֶען זרח שמשון, דֶער שַׁדְכָן, צוּם חָתָן, הָאט זִיךְ מִיט אִיהם עֶפֶּעס גֶעשׁוּשְׁקֶעט אוּנ לוֹיפְט אַוֶועק. עֶר קוּמְט בַּאלְד צוּרִיק, רֶעדְט מִיט אִיהם וַוייטֶער אִין דֶער שְׁטִיל אוּנ לוֹיפְט וִויעדֶער אַוֶועק אִין דֶער גְרֶעסְטֶער פֶערְצְוַוייפְלוּנְג.

— עֶס וֶועט אַנְדֶערְשׁ נִיט זַיין! — שְׁרַייט אִיהם נָאךְ דֶער חָתָן.

אַלֶע הָאבֶּען זִיךְ אַקֶעהר גֶעטָאן; עֶפֶּעס דֶער טָאן פוּן דִיא וֶוערְטֶער הָאט זַייא אוֹיפְגֶערֶעגְט. בַּאלְד אִיז וִוידֶער גֶעקוּמֶען זרח שמשון צוּם חָתָן אוּנ רֶעדְט מִיט אִיהם:

— וָואס אִיז דָא ? — פְרֶעגְט אִיהם גרוֹינם וויים.

— עֶס פֶעהלְט צְוַוייא הוּנְדֶערְט רוּבְּל צוּא דִיא נַדָן, — עֶנְטְפֶערְט אִיהם זרח שמשון אִין דֶער שְׁטִילְל.

— אַ יָע, דָאס וַויים אִיךְ, — זָאגְט וויים, — פַאר דִיא אַכְט הוּנְדֶערְט רוּבְּל צָאהלְט עֶר אוֹיךְ פְּרָאצֶענְט. עֶר קֶען מֶעהר נִיט גֶעבֶּען.

עֶר הָאט גֶענוּמֶען רֵיידִין מִיט דֶעם חתן, אִיהם גִינֶעבֶּען צוּא פֶערְשְׁטֵיין דִיא שְׁוֶוערֶע לַאגֶע פוּן דֶעם אליקומען, אוּנ עֶר קֶען אִים קֵיינֶעם פַאלְלֶע מֶעהר נִיט גֶעבֶּען.

עֶס הָאט אָבֶּער נִישְׁט גֶעהָאלְפֶען.

דָא הָאט דֶער רָב מִיט אִיהם גֶענוּמֶען רֵיידֶען אוּנ גֶעגֶעבֶּען צוּ פֶערְשְׁטֶעהֶען, אַז נִיט יֶעטְצְט אִיז אַצַייט צוּ עֶקְשֶׁענֶען זִיךְ; עֶס אִיז נִיט קֵיין קְלֵיינִגְקֵייט אִיצְטֶער אָבּ צוּ טָאן אַזֶעלְכֶע בִּזְיוֹנוֹת, וֶוען אַלֶע גֶעסְט זַיינֶען דָא; אוּנ דִיא כַּלָה קֶען קְרַאנְק וֶוערֶען פוּן אַזֶעלְכֶע הַארְצְוַוייטָאג, אוּנ דֶער אַייבֶּערְשְׁטֶער זָאל מְשַׁמֵר וּמַצִיל זַיין, וֶוער וַוייסְט, מִיט וָואס דָאס קֶען זִיךְ נָאךְ קָאנְצֶענֶען.

נָאר עֶר אִיז גֶעבְּלִיבֶּען בַּייא דָאס זַיינִיגֶע, עֶר לָאזְט זִיךְ נִיט בֵּייגֶען.

(ניט פון ארט) אליקום

אליקום שטעהט דער בייא, ער איז בלייך וויא א טוך פון בעס אונ פון פערדרוס.

— טאמער איז מיגליך, ר' גרונם, פרעגט איהם דער רב, — איהר זאלט לייען דיא פאאר הונדערט רובל; אליקום שטעהט דאך עפעס בייא אייך אין געשעפט.

— װענען דעם רעדט נאר ניט, רבי, — זאגט אליקום אונ דיא אכט הונדערט רובל, וואס איך וויל איצטער ליינען, איז אויך דא מעהר וויא העלפט ר' גרונמס.

— איך וועל אייך זאגען דעם אמת, רבי, — זאגט ר' גרונם, — איין אנדערן וואלט איך טאקע געבין דיא צוויי הונדערט רובל; נאר אזוי איין עקשן גיב איך ניט.

— נו, דארף מען ניט! — ניט אנגעשרייא העשל מיט כעס.

אונ מיט דיא רייד האט ער אשפרונג געטאן אפען טיש, פון טיש אויף דער ערד, האט זיך דורך געריסען דורך דיא טאלפא מענשען, וואס זיינען געווען אין זאל אונ איז ארויס.

עס איז געווארען אטומיל אין זאל, אייניגע העפטיגע אויפ־וואלונג. אנדערע זיינען געבליבען שטעהן וויא ערשראקען, אנדערע האבען זיך צו טהיילט גערופען ווייס אונ האבען גענומען פייערינג ריידען איבער דעם שקאנדאל, וואס דא האט זיך אב געטאן, אונ וואס זאל מען איצטער נעהמען טאן.

אליקום האט זיך אנגעהאפט פארן קאפף, אשטראם טרערן איז איהם ארויס פון דיא אויגען.

אונטער דעם גרויסען טומיל האט זיך געלאזט הערען: דיא כלה חאלעסט!



## 5.

דער ווילע זרח שמשון דער שדכן האט ניט געשלאפען

עֶר הָאט מוֹרָא גֶעהַאט פַאר זַיינֶע שַׁדְכָנוּת, וָועלכֶע עֶר הַארף בֶּעקוּמֶען דֶ ם טָאג, וֶוען מֶען לֵיינְט דָאס גֶעלְד. אוּנ דָאס גֶעלְד לֵיינֶען וַואר אָב גֶערֶעדְט —׳ פַאר דֶער חוּפָּה. אוֹיף דֶעם פּוּנְקְט זַיינֶען בֵּיידֶע צְדָדִים אַיינְגֶעגַאנְגֶען: אָלִיקוּם — וַוייל דַארוּרְךְ גֶעווִינְט עֶר צַייט, אוּנ דָאס וַוייסֶען אַלְלֶע, אַז גֶעלְד צוּ גֶעבֶּען וָואס דֶער שְׁרָאק אִיז לָאנְגֶער אִיז אַלְץ בֶּעסֶער; אוּנ העשעל אִיז בֶּעשְׁטַאנֶען דַארוֹיף, וַוייל הַאְרט פַאר דֶער חוּפָּה וֶועט עֶר קֶענֶען אוֹיסְפִּיהרֶען וָואס עֶר וִוילל.

קוּמֶענְדִיג אוֹיף זַיין קְוַואטִיר הָאט זִיךְ העשל אוֹיסְגֶעצוֹיגֶען אוֹיף אַשְׁטוּהל, הָאט זִיךְ פֶערְוָוארְפֶען אַפּוּס אוֹיף אַפּוּס גַאנְץ בֶּעקְוֶועם. הָאט זִיךְ פֶערְדַייכֶערְט זַיין פַּאפִּירָאס אוּנ הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען לָאזֶען פוּן זִיךְ קְנֵיילִין רוֹיךְ גַאנְץ בֶּעהַאנְלִיךְ, וִויא עֶר וָואלְט נִיט גֶעהַאט פֶערְצֶעפֶּעט אָפְלִיג אַפֶּען וַואנְד.

— זַייא וֶועלֶען בַּאלְד קוּמֶען, נִיסְמַקְשֶׁה! — הָאט עֶר זִיךְ אַבְּרוּם גֶעטָאן פַאר זִיךְ גַאנְץ קַאלְטְבְּלִיטִיק אוּנ הָאט גֶענוּמֶען רוֹיכֶען וַוייטֶער.

עֶס הָאט זִיךְ בַּאלְד גֶעעֶפִינְט דִיא טְהִיר אוּנ עֶס אִיז אַרַיין גֶעלָאפֶען זרח שמשון פֶערְשָׁאפֶּעט, פֶערְחָרָאפֶּעט, וִויא אַיין אוּנְטֶער גֶעשָׁאסֶענֶער. העשל הָאט זִיךְ נִיט אַרִיהר גֶעטָאן אוּנ רוֹיכֶערְט וַוייטֶער.

הֶערְט, העשל, — הָאט אָנְגֶעהֵייבֶּען זרח שמשון, — דֶער רב אוּנ ר׳ גרונם הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען, אִיהר זָאלְט נִיט זַיין אַזוֹי הַארְט אוּנ אִיהר זָאלְט גֶעהֶען צוּ דֶער חוּפָּה.

— עֶר לֵיינְט דִיא גַאנְצֶע גֶעלְד?

— עֶר הָאט נִיט. אִיהר פֶערְשְׁטֶעהט דָאךְ אַלֵיין, אִיהר זַייט דָאךְ אַקְלוּגֶער... אַז עֶר וָואלְט הָאבֶּען, וָואלְט עֶר דֶען צוּ לָאזֶען צוּא אַזַא שְׁקַאנְדַאל?

— אָהן דִיא גַאנְצֶע גֶעלְד רִיהר אִיךְ זִיךְ נִיט פוּן אָרְט.

---

(נִיט פוּן ארט) או

— אַז עֶר הָאט אָבֶּער פָארט נִיט .

— וָואס אַרְט עֶס מִיךְ ? אִיךְ מוּז הָאבֶּען מַיינֶע גֵּבֵן, עֶס טָאר אַקָאפֵּייקֶע נִיט פֶעהלֶען. וָואס אִיז דָאס עֶפֶּעס פָּטוּר וָוערֶען פוּן אַצָּרָה גְלַאט אַזוֹי! לָאז עֶר לַייעֶן גֶעלְד אוֹיף זַיין שְׁטוּבּ .

— דִיא זֶעלְבֶּע אַכְט הוּנְדֶערְט רוּבֵּל הָאט עֶר שׁוֹין אוֹיךְ גֶעלִיעֶן אוֹיף דֶער שְׁטוּבּ .

— צוּ מִיר הָאט דָאס נִיט .

— אַז אִיהר זַייט אַזַא הַארְטֶער מֶענְשׁ, הָאט אִיהר גֶעדַארְפְט זָאגֶען פְרִיעֶר, אוּנ נִיט בְּרֵיינְגֶען צוּא אַזַא גְוַואלְדִינְגֶען שְׁקַאנְדַאל. אִיהר הָאט דָאךְ אוֹיפְגֶערִיהרְט דֶער מִיט גַאנְץ שְׁטָאדְט!

— חָכָם מַיינֶער! אָט דָאס מַיין אִיךְ דָאךְ טַאקֶע. אִיצְטֶער אִיז דִיא בֶּעסְטֶע צַייט: אִיךְ וֶועל זַייא צוּא קְוֶועטְשֶׁען צוּם וַואנְד, וֶועט וֶוערֶען גֶעלְד. צוּ פוּן שְׁטֵיין, צוּ פוּן בֵּיין, אַבִּי גֶעלְד וֶועט וֶוערֶען.

עֶס זַיינֶען אַרוֹיף גֶעקוּמֶען נָאךְ עֶטְלִיכֶע מֶענְטְשֶׁען אוּנ הָאבֶּען אִיהם אוֹיךְ גֶענוּמֶען בֶּעטֶען עֶר זָאל גֶעהֶען צוּ דֶער חוּפָּה. דִיא מְחוּתֶּנְתֶטֶע חַאלֶעשְׁט, דִיא כַּלָּה חַאלֶעשְׁט; עֶר מוּז דָאךְ מִיטְלַייד מִיט זַייא הָאבֶּען.

— עֶטָא דוּדְקִי! — לַאכְט עֶר זִיךְ אוֹיס, — דִיא וַוייבֶּערְשֶׁע חַאלֶעשֶׁען... פַּאנִימַאיֶעס! דָאס אִיז אַלְץ שְׁווִינְדֶלֶען, וִויא אַרוֹיס צוּ דְרֵייעֶן זִיךְ פוּן גֶעלְד גֶעבֶּען. הֶעשֶׁל אִיז נִיט אַזַא נַאר, וָואס זָאל זִיךְ לָאזֶען פֶערְפִירֶען דָאךְ אַזֶעלְכֶע נַארִישְׁקַייטֶען.

— אִיךְ וֶועל אֵייךְ זָאגֶען דֶעם אֶמֶת, — זָאגְט אֵיינֶער פוּן זַייא, — אִיךְ זֶעה דֶעם עֶרְשְׁטֶען מָאל נָאךְ אַזַא הַארְטֶען מֶענְשֶׁען.

— וָואס דֶען מַיינְט אִיהר? נִיטָא אַמָאלִינֶע יָאהרֶען, וֶוען מֶען פְלֶעגְט אָבְּפַּטְרֶן אַחָתָן מִיט חֲלוֹמוֹת. הַיינְט גֶעהט עֶס נִיט.

— אִיז וָואס בְּלַייבְּט? — פְרֶעגְט זרח שמשון.

— דִיא גֶעלְד אַפֶּען טִישׁ אוּנ אַקָאפֵּייקֶע זָאל נִיט פֶעהלֶען.

— לָאזְט הָאטְשׁ אָבּ אֵיין הוּנְדֶערְטֶער, אוּנ דִיא אַנְדֶערֶע

הונדערט וועל איך שוין קריגען וויא עס איז, זאגט איינער פון זייא.

— אפילו ניט נײן הונדערט נײן אונ נײנציג, — אז ניט ריהר איך זיך ניט פון ארט.

— אכזא נייען מיר אוועק, הײסט עס, מיט גאר ניסט.

— געווים מיט גאר ניסט. אונ זאגט דארטען דעם מחותן, אז איך גיב איהם צעהען מינוטען סראק; אויב עס וועט דויערן מעהר, וועט דאס איהם קאסטען נאך אהונדערטער. אונ אזוי פאר יעדע צעהען מינוט, וואס ער וועט פערסראצען, וועט ער אדין באצאהלען הונדערטער. איהר פערשטייט וואס איך רייד? מיינע ווערטער איז וויא אין שטיין געהאקט. עס מעג אויס ברעכען פייער אונ פלאמען, — אונ איך שטייא ביא דאס מיינינע. אונ לאז טאקע דער מחותן זעהען, אז ער האט זיך מיט מיר ניט גענארט; ער קריגט איין איידאם אמענשען מיט אכאראקטער, וואס איז ניט אזוי לייכט אב צו נארען.

זייא זיינען ארויס געגאנגען.

הא הא הא! — לאכט זיך העשל טייוויליש פאנאנדער, — אט אזוי רייבט מען אנאז אמחותן. מען דארף זייא שינדען דיא הויט דיא טאטעס, וואס האבען טעכטער. עס קומט זייא! אשיינע ריינע כפרה! עס איז מיר געפעלען, ער זאגט, ער האט ניט, — וואס ארט עס מיך? היינג זיך, טרייגק זיך אונ נדן גיב. וואס עפעס ניט געבען? וואס עפעס ארוים דרייען זיך מיט שווינדלען? ניטא אמאליגע יאהרען... אונ איך דארף טאקע האבען דיא געלד זעהר נייטיג; איך האב אנגעליען געלד אויף דעם סומך פון נדן. א ער וועט געבען, וויא אטאטע! אהא, דאס איז אגוט ווערטל, וויא איך בין אאיד! אטאטע גיט; ער טהוט זיך אוים פון הויט אונ ער גיט; ער געהט אוועק אין דיא הייזער — אונ געבען גיט ער. באלד עפינט זיך דיא טהיר אונ מען ברייגגט מיר אהויפען געלד. אונ טאמער וועט עס דויערן מעהר וויא צעהען מינוט — איז דא נאך אהונדערטער. אונ אזוי ווייטער. חלעבען, עס איז

(ניט פון ארט) דער

דער בעסטער געשאפט צו זיין אמאנסבי, דאס הייסט אהתן; מען שעפט געלד מיט לפעל, נאר אהן מיהע, וויא איך בין אאיד! איך זיטץ אונ ווארטער מיין פאפירוס אונ פערדין מיר אלע צעהן מינוט אהונדערטער, הה הה הה! איך קייף זיך פון גילעכטער.



# 6.

זרה שמשון מיט דיא עטליכע אידען, וואס זיינען געוועזען מיט איהם, זיינען געקומען צו ריק אונ האבען דער צײלט, אז עס העלפט קיין זאך ניט; מען מוז איהם געבען נאר דאס געלד, ניט אנדערש.

— דאס ניט, — זאגט ווייס, — דאס וועל איך ניט דערלאזען.

— טא וואס דען זאל זיין, — פרעגט דער רב, — קען מען דען אוועק געהען אונ זייא לאזען אזוי?

— געוויס ניט.

— טא מוז מען דאך איהם פארט טראגען דיא געלד, אונ איהר, ר׳ גרונם, וועט מוזען בעהילפיג זיין.

— איך שטעה ניט אום מיינע הילפע, רבי; דער אליקום איז בייא מיר זעהר אנגענומען אונ איך וויל פאר איהם טאן אלעס. נאר דיא זאך איז אזוי: איך וויל ניט, ער זאל אומגליקליך זיין אונ זיין טאכטער אודאי ניט.

— וויא הייסט עס?

— איהר זעהט דאך: אז ער איז אזא גראבער יונג אונ אזא שטיינערנעס הארץ, קען מען דאך שוין פערשטעהען, וואס פאר אלעבען איהר שטייט פאר דער ארמע בלומהן, — עס איז עפעס אכליינינקייט.

— געוויס, געוויס! — רופען זיך אב איניגע, — הערר ווייס

רעדט וויא אַחכם. מיר דאַרפֿין ניט דער לאָזען, דער גראַבּיאַן אונ דער הולטייא זאָל זיין בלומעלעס מאַן. מיר קענען איהר, זיא איז אַ טייערע קינד, זיא דאַרף ניט אונגליקליך זיין.

— עס איז אַלץ רעכט, ברידער, — זאָגט דער רב, — אָבער וואס טהוט מען?

— טאַקע, וואס טהוט מען?

— עס איז גלייכער זייא זאָלען אָבּליידען דיא בזיונות, איידער זיין אונגליקליך ציים לעבען. איך רעכען, עס איז נאר אַטובה, וואס דער בוכאַן האט זיך איצטער אַרויס געוויזען, וועה ער איז.

— אַטובה איז דאס געווים; פון דעסט וועגען קען דאס אַזוא ניט בּלייבען.

— טא וואס טהוט מען פּאָרט?

— הערט, ר' זרח שמשון, — רופט זיך אָפּ גרונם ווייס צו איהם, — איהר זייט דאָך עפּעס אַקלוגער איד אונ אַנגעזעהענער אויך... עס טרעפט דאָך מכתמא אַזעלכע מעשיות.

— אָהאָ, צו עס טרעפט,

— טאָ גיט עפּעס איין עצה, וואס טהוט מען.

זרח שמשון האט אַביסעל אַטראַכט געטאן אונ זאָגט:

— איך האב איין עצה אונ אַנאַנץ גוטע.

— גיט אַהער, ר' זרח שמשון, אויב זיא איז ווירקליך אַגוטע עצה, גיב איך אייך נאך אַמתנה, אויסער דיא שדכנות, וואס איהר וועט קריגען.

— דאס מוז איך אייך זאָגען אין דער שטיבל. איידער דיא זאַכע וועט אָנגענומען ווערען, דאַרף דאס נאך קיינער ניט וויסען.

— געדעכט, געדעכט!

זרח שמשון, ר' גרונם אונ דער רב זיינען אָבּגעגאַנגען אָן אַזייט אונ האבען געדעט אַווייל אין דער שטיל. מען האט געזעהען, זייערע אויגען פינקלען פאר פריידע אונ אַפרייליכער

(ניט פון ארט) שמייכעל

שְׁמייכֶער שְׁוועבְּט אויף זֵייעֶרע ליפֶּען.
עֶנְדְלִיךְ רוּפְט זיך אָב גרונם:
— וואוֹהל. וְויא אִיךְ בִּין אַאִיד!
— גַאנְץ גוּט, גַאנְץ גוּט! — בֶּעשְׁטֶעטִיגְט דֶער רָב.
— דָאם אִיז אַיין אַנְפַאלְל דִיא וֶועלְט אוים! נוּא ר' זרח שמשון, אִיהר הָאט שוין בַּייא מִיר אַמַתָּנָה.
זֵייא הָאבֶּען צוּ גֶערוּפֶען אליקום און הָאבֶּען אִיהם אִיבֶּער-גֶעגֶעבֶּען, וָואס זֵייא הָאבֶּען דָא גֶערֶעדְט. עֶר אִיז גֶעוָואָרֶען הֵייטֶער בַּייא זִיךְ און הָאט אָבֶּער גֶעגֶעבֶּען אַזִיפְץ.
— נוּ וָואס?
— בַּייא מִיר אַיינֶענְטְלִיךְ וָואלְט זֵיין גֶעוִוים רֶעכְט, בַּייא מַיין ווייב גֶעוִוים; אָבֶּער...
— זַייט רוּהִיג, ר' אֱליקום, — פֶּערְזִיכֶערְט אִיהם ר' גרונם, — אִיךְ קוּם אויף אויף אַלְץ. אִיךְ פֶערְזִיכֶער אַייךְ, אַז אַלְלֶע וֶועלְלֶען אַייךְ מְקַנֵא זֵיין.
דָא הָאבֶּען זֵייא וַוייטֶער גֶענוּמֶען רֵיידֶען אִין דֶער שְׁטִיל.
— אויב אַזוֹא, — זָאגְט אליקום, אִיז גֶעוִוים גוּט; אָבֶּער וָואס וֶועט זָאגֶען דִיא טָאכְטֶער דֶער צוּ?
— מֶען דַארְף אִיהר פְרֶעגֶען, וְויא דֶען?
— זִיא וֶועט גֶעוִוים נִיט וֶועלֶען.
— אויב זִיא וֶועט נִיט וֶועלֶען, אִיז זִיא אַנַאר, און אַנַאר מוּז לֵיידֶען.
— אוֹי וַוייא! נִיט אַזִיפְץ אליקום: וֶוען זִיא זָאל יָע אַיינְוִוילְ-לִיגֶען, אִיז דָאךְ דָאם פון נוּיט... אָךְ און וַוייא אִיז מִיר! מַיין בלומינקע זָאל גֶעהֶען צוּ דֶער חוּפָּה מִיט אַטְרוֹיעֶרִיגֶע הַארְץ און מִיט טְרֶערְן אויף דִיא אוֹיגֶען.
— וַוייסְט אִיהר וָואס, ר' אליקום, — זָאגְט ווייס, — מִיר וֶועלֶען אִיהר גֶעבֶּען דִיא בְּרֵירָה אִין גַאנְצֶען: אִיךְ גִיבּ דִיא צְוַוייא הוּנְדֶערְט רוּבֶּל, — ווילל זִיא, זָאל זִיא גֶעהֶען צוּא דֶער חוּפָּה מִיט

דעם חעשעלען, מיט וועלכען עס שטעהט איהר פאר ניט קיין רויזענפארבינע צוקונפט, אדער זיא זאל אננעהמען דיא עצה.

— א, אט דאס איז גאנץ רעכט, — זאגט דער רב אונ אליקום. אונ גלייך בארויף זיינען זייא אוועק געגאנגען צוא דער כלה, וועלכע איז געזעסען אין איהר צימער אונ האט געוויינט. דער פאטער אונ נרונם האבען איהר איבער געגעבען אלעס, וואס זייא האבען דא גערעדט. זיא האט גלייך אויס געווישט איהרע אויגען אונ זאגט מיט אפריליכען טאן.

— איך וויל געווים ניט נעהמען פאר איין אפפער פאר אטיראן, וועלכער וועט מיר פערביטטערן מיין לעבען. איך וויל האבען אמאן אנטשען פריינד, געלייבט איז גאט, וואס ער האט געפיהרט אלעס נאך מיין וואונש.

— געלויבט איז גאט! - ענטפערן זייא, — וואס אללעס געהט וויא געוואונשען.



## 7.

עס איז שוין שפעט אין דער נאכט. אין קלויז איז שטיל אונ דונקעל. עס הערט זיך מעהר ניט דער טיק טאק פון דער וואנד אוהר אונ דאס טראפפען פון עטליכע קלויזניקעס, וועלכע ליגען איינגעקארצעט אויף דיא באנק צו געדעקט מיט זייערע האלאטציקעס, אונ זייער פעקלעך צו קאפפען. עס ברענגט נאר איין יאהר צייט ליכט פארן עמוד אונ דער נר תמיד. זייא ווארפען אב לאנגע שאטטענס פון דיא שטאלבעס פון אלמעמער, וועלכע פערלירען זיך אין דער דונקעלהייט פון הינטער גרונד, וואו דער שוואכע שיין פון דיא ליכט גרייכט ניט. עס איז דונקעל, קאלט אונ טרויעריג.

עָס איז דֶער אַבְּבִּילְד פוּן דֶעם אִידֶען אִין זַיין גַאנְצֶען שִׁיקְזָאל.
אויבֶען אָן נֶעבֶּען אָרוֹן קוֹדֶשׁ זִיצְט אַפִּיגוּרֶע אָנְגֶעשְׁטִיטְצְט אָן אַשְׁטֶענְדֶער אוֹיף זַיינֶע בֵּיידֶע הֶענְד אוּנ שְׁלָאפְט אוּנ אַטְהֶמֶט שְׁוֶוער. דָאס אִיז אַיין אָרֶעם בָּחוּר, וֶועלְכֶער אִיז עַנְטְשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען אוֹיף דֶער גְמָרָא לֶערְנֶענְדִיג. עֶס אִיז צוּא זֶעהֶען, אַז עֶר שְׁלָאפְט נִיט גַאנְץ רוּהִיג: עֶר גִיט אַשׁוּידֶער, גִיט זִיךְ אַוָּוארְף אוּנ אַגֶעשְׁרֵייא, מוּרְמְלְט עֶטְלִיכֶע וָוארְטֶער, וֶועלְכֶע אִיז נִיט צוּ פֶערְשְׁטֶעהֶען.
דָאס אִיז אוּנְזֶער אוּנְגְלִיקְלִיכֶער מִיכל חאגין, וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ פְרִיעֶר גֶעזֶעטְצְט לֶערְנֶען, אָבֶּער זַיינֶע גֶעדַאנְקֶען זַיינֶען גֶעוֶוען אַהִין, וואוּ עֶס שְׁפִּילֶען עֶרְסְט כְּלֵי זְמָרִים אוּנ זַיין לִיבֶּע בלומה וֶוערְט אַפְּרוֹיא פַאר אַמֶענְשֶׁען, וָואס אִיז אִיהם אַזוֹא פֶערְהַאסְט, עֶר הָאט גֶעוַויינְט, נִיט פַאר זִיךְ וָואס זִיא קֶען נִיט זַיין זַיינֶע, — דָאס הָאט עֶר גָאר נִיט גֶעוַואנְט צוּא טְרַאכְטֶען וֶועגֶען דֶעם, — עֶר הָאט גֶעוַויינְט, צַז אַזַא לִיבֶּעס וֶועזֶען פַאלְלְט אַרַיין אִין דִיא הֶענְד פוּן אַזַא הַארְטֶען מֶענְשֶׁען: וָואס עֶרְוַוארְטֶעט אִיהר אִין דִי צוּקוּנְפְט? וָואס פַאר אַבִּיטֶערֶעס לֶעבֶּען אִיהר שְׁטֶעהְט יֶעטְצְט פָאר!
מִיט דִיזֶע טְרוֹיעֶרִיגֶע גֶעדַאנְקֶען, אִיז עֶר עַנְטְשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען.
עֶס הָלְמְט זִיךְ אִיהם, עֶר זֶעהְט בלומהן אִין אַוַוייסֶע חוּפָּה קְלֵייד מִיט אַטוּל פֶערְהַאנְגֶען דָאס גֶעזִיכְט. זִיא קוּקְט אוֹיף אִיהם מִילְד. נֶעבֶּען אִיהר שְׁטֶעהְט אִיהר חתן העשל קלאפשטאך; עֶר גְלָאטְשְׁט מִיט דִיא אוֹיגֶען, שְׁקְרִיעֶט מִיט דִיא צֵיין אוּנ פִיהְרְט אִיהר גֶעאַרְמְט צוּ דֶער חוּפָּה. מִיט אַמָאל נִיט עֶר אִיהר אַפַּאטְשׁ, זִיא גִיט אַגֶעשְׁרֵייא אוּנ נִיט זִיךְ אַוָּוארְף צוּ אִיהם, צוּ מִיכלען, פַאלְט אִיהם אַפֶען הַאלְז אוּנ שְׁרֵייט: רֶעטֶע מִיךְ פוּן דֶעם גַזְלָן! עֶר וִויל אִיהר רֶעטֶען, גִיט זִיךְ אַוָּוארְף צוּ העשלען. עֶס פַאלְלְט דֶער שְׁטֶענְדֶער, אוּנ עֶר הַאפְט זִיךְ אוֹיף. עֶר זֶעהְט דִיא טְרוֹיעֶרִיגֶע ווירְקְלִיכְקַייט. עֶס אִיז פִינְסְטֶער אַרוּם אִיהם, וִויא בַּייא אִיהם אִין הַארְצֶען. עֶר אִיז דֶער זֶעלְבֶּע אוּנְגְלִיקְלִיכֶע וָואס גֶעוֶועזֶען; עֶר פִיהְלְט אַוואוּנְדֶע אִין הַארְצֶען, וָואס לָאזְט אִיהם נִיט צוּ זִיךְ קוּמֶען.

(נִיט פוּן ארט)

עֶר שְׁטֶעלְלְט צוּ רִיק דָעם שְׁטֶענְדָער , שְׁטִיטְצְט זִיךְ אָן אִיהם , ווי"א פְּרִיעָר .

— שְׁטֶעהְט אוֹיף , יוּנְגֶער מַאנְן ! — הָערְט עֶר אַקוֹל . עֶר הֵייבְּט אוֹיף דֶעם קָאפְּף , קוּקְט זִיךְ אַרוּם ; צְוַוייא אִידֶען שְׁטֶעהֶען נֶעבֶּען אִיהם ; עֶר דֶער קֶענְט זֵייא נִיט , דֶען עֶס אִיז פִּינְסְטֶער .

— וָואס דַארְפְט אִיהר ? וָואס ווִילְלְט אִיהר ? — פְרָעגְט עֶר זֵייא , אִינְדֶעם עֶר מֵיינְט , זֵייא וֶועקֶען אִיהם פַאר וָואס עֶר שְׁלָאפְּט אוּנ לֶערְנְט נִיט ; דֶען עֶס אִיז פְרַאנֶען אַזֶעלְכֶע , ווֶעלְכֶע פֶערְגִינֶען נִיט דֶעם קְלוֹיזְנִיק , וָואס עֶר שָׁלָאפְט אַבִּיסֶל : פַאר דִיא בִּיסֶל גְרוֹיפֶּען , וָואס זֵייא גִיבֶּען אִיהם , מוּז עֶר לֶערְנֶען ווִיא טָאג אַזוֹא נַאכְט .

— קוּמְט , מיכל , לָאמִיר גֶעהֶען ; מֶען וַוארְט אוֹיף אַייךְ , — עֶנְטְפֶערְן זֵייא . דָאס וַוארֶען זרח שמשון מִיט נָאךְ אַפָּאר אִידֶען , ווֶעלְכֶע זַיינֶען גֶעקוּמֶען אִיהם רוּפֶען .

— וֶוער וַוארְט אוֹיף מִיר ? ווֶעמֶען בִּין אִיךְ נֵייטִיג ? — פְרָעגְט עֶר אִין שְׁרֶעקֶען ' — אִיךְ הָאבּ אַפָּאס . . . אוּנ אַגְרִינֶעם בִּילֶעט פוּן וָואאִינְסְקֶע פְּרִיסוּטְסְטְוֶוע .

— דֶער רָב וַוארְט אוֹיף אַייךְ , — עֶנְטְפֶערְן זֵייא מִיט אַשְׁמֵייכֶעל .

— וָואס אִיז ? אוֹיף וָואס דַארְף עֶר מִיר ?

— נוּ נֶעשְׁוִוינְד , ר' אליקום ציפקין וַוארְט אוֹיךְ אוֹיף אַייךְ . מיכל הָאט אַשְׁוִידֶער גֶעטָאן .

— ר' אליקום ציפקין זָאגְט אִיהר ? — וואוּנְדֶערְט עֶר זִיךְ אוּנ שְׁטֶעלְלְט זִיךְ אַנִידֶער .

— יֶע , ר' אליקום ציפקין . עֶר דַארְף דָאס אַייךְ אֵייגֶענְטְלִיךְ הָאבֶּען .

דָא הָאבֶּען זֵייא אִיהם עֶרְצֶאהלְט אַלֶעס , וָואס מִיר וַוייסֶען , אוּנ הָאבֶּען גֶעעֶנְדִיגְט , אַז דֶער רָב אוּנ ר' גרונם הָאבֶּען אליקומען גֶעבַּאטְהֶען , אַז עֶר זָאל טָאן אַשִׁידוּךְ מִיט אִיהם , מִיט מיכלען . עֶר

הָאט דָאס אָנְגֶענוּמֶען מִיט פְרֵידֶען אוּנ עֶר שִׁיקְט דָאס זֵייא, אִיהם פָארְשְׁלָאגֶען דִיא פַּאוּטִיע, — אוּנ אוֹיבּ עֶר נֶעמְט דָאס אָן, וִויא עֶר הָאפְּט, וַוייל זֵייא קֶענֶען זִיךְ דָאךְ פוּן לַאנְג אָן, זָא בֶּעטֶער, אַז עֶר זָאל שׁוֹין טַאקֶע נֶעהְמֶען צוּ דֶער חוּפָּה. אוּנ ר׳ גרונם וויים, אִין דֶער הָאפְּנוּנְג, אַז דֶער עֶנֶין וֶועט אָנְגֶעהֶען, הָאט שׁוֹין גֶעהַייסֶען אַרַיין טְרָאגֶען קְלֵיידֶער פַאר אִיהם צוּם רָב.

מיכל הָאט דָאס אוֹיס גֶעהֶערְט מִיט אַיין אָפֶענֶע מוֹיל, וִויא עֶר וָואלְט וֶועלֶען אַיינְשְׁלִינְגֶען דִיא וֶוערְטֶער. עֶר אִיז גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהֶען פַארְטְרַאכְט אוֹיף אֵיינִיגֶע סֶעקוּנְדֶען. עֶר קוּקְט זִיךְ אַרוּם, רַייבְּט זִיךְ אוֹיס דִיא אוֹיגֶען, צוּא אִיז דָאס נִיט אַחָלוֹם, אַיין אָבְּדוּבְטֶענֶעס.

— אִיז וָואס וִויל ר׳ אליקום? — פְרֶעגְט עֶר נָאךְ אַמָאל.

— אִיהר זָאלְט שׁוֹין גֶעהֶען אָנְטָאן נַייעֶ קְלֵיידֶער אוּנ גֶעהֶען צוּ דֶער חוּפָּה.

— אוּנ אִיךְ זָאל זַיין זַיין אֵיידִים, וִויל עֶר?

— יֶע, אִיהר זָאלְט זַיין זַיין אֵיידָאם אוּנ זַיין טָאכְטֶערְס מַאנְן.

— אִיךְ זָאל זַיין בלומהס מַאנְן? ... קֶען דָאס זַיין? אוּנ בלומה זָאל זַיין מַיין וַוייבּ? ... נֵיין, נֵיין דָאס קֶען נִיט זַיין. אִיךְ בִּין אִיהר נִיט וֶוערְטְה. גֶעהְט זִיךְ אַייךְ, אוּנ אִיךְ בֶּעט אַייךְ, לַאכְט פוּן מִיר נִיט.

— וָואס רֶעדְט אִיהר מִיר מֵיינֶען גַאנְץ עֶרְנְסְט.

— גֶענוּג, גֶענוּג! אִיךְ וִויל דָאס גָאר נִיט הֶערֶען. אָךְ אוּנ וֵוייא אִיז אוּנְז! ... וַוייבִיג הָאבֶּען מִיר זְלְזוּלִים ... וֵויינִיג זַיינֶען מִיר אוּנְגְלִיקְלִיךְ, אַז זֵייא עֶרְלוֹיבֶּען זִיךְ נָאךְ, אִיבֶּער אוּנְז אַזוֹא פִּיל זִיךְ לוּסְטִיג צוּ מַאכֶען. דָאס הָאט אַייךְ גֶעוִויס דֶער בְּרִיטַאן גֶעשִׁיקְט אַהֶער, פוּן מִיר אַבִּיסֶל חוֹזֶק צוּ מַאכֶען. גֶעהְט זִיךְ אַייךְ גֶעהְט. אִיהר הָאט נִיט גֶעטְרָאפֶען דֶעם אָרְט.

זֵייא הָאבֶּען מִיט אִיהם גֶענוּמֶען רֵיידֶען, מַעֲנֶהֶען, אוֹיפְוַוייזֶען, אַז דִיא זַאךְ אִיז גַאנְץ עֶרְנְסְט, — עֶס הָאט קֵיין זַאךְ נִיט גֶעהָאלְפֶען.

(נִיט פוּן ארט) עס

עֶס זַיינֶען גֶעקוּמֶען אליקום ציפּקען אַלֵיין אונ ר' רונם ווייס, דאן הָאט עֶר שוין גֶענְלויבְּט. עֶר הָאט מִיט נִיכְטְס אוֹיס גֶעדְרִיקְט זַיין פְרֵיידֶע מִיט עֶנְטְצִיקֶען; עֶר הָאט זִיךְ עֶרְשְׁט גֶעהַאפְּט, אַז דָאס דַארְף מֶען אִיהם דָא הָאבֶּען פַאר אַבּייטְשׁ גֶעגֶען יֶענֶעם. עֶר אִיז גְלַייךְ אַוֶועק צום רָב, וֶועלְכֶער הָאט גֶעוואוֹהְנְט דָארְטֶען דֶער בַּייא; הָאט זִיךְ אַיינְגֶעוואַשֶׁען, אָנְגֶעטָאן דִיא נַייֶע קְלֵיידֶער, וֶועלְכֶע גרונם הָאט פַאר אִיהם צוא גֶעשִׁיקְט, אונ אִיז גְלַייךְ אַוֶועק מִיט אליקימען אִין זַיין הויז, וואוּ עֶס זַיינֶען נָאךְ גֶעוֶוען אַלֶע גֶעסְט אונ הָאבֶּען גֶעוַוארְט אוֹיף דִיא חוּפָּה.

קוּמֶענְדִיג אַהִין הָאט עֶר גֶעבֶּעטֶען אליקומען, עֶר זָאל אִיהם עֶרְלוֹיבֶּען רֵיידֶען אַפָּאר וֶוערְטֶער מִיט דֶער כלה. דִיזֶער הָאט אִיהם גְלַייךְ אַרַיין גֶעפִיהרְט דוּרְךְ אַזַייטִינֶע טְהִיר אִין אִיהר צִימְמֶער, וואוּ זִיא אִיז גֶעזֶעסֶען אונ הָאט גֶעוַוארְט, מִיט וָואס וֶועט זִיךְ דָאס אַלֶעס עֶנְדִיגֶען. מֶען הָאט זַייא דָא גֶעלָאזֶען אַלֵיין.

וִויא זִיא הָאט אִיהם גֶעזֶעהֶען אַרַיין גֶעהֶען, אִיז זִיא אִיהם גֶענַאנְגֶען עֶנְטְגֶעגֶען, רַייכְט אִיהם דִיא הָאנְד מִיט אַפְרֵיילִיכְען שְׁמֵייכֶעל אונ הָאט אִיהם גֶעוֶועקְט וָואס זָאגֶען: נָאר עֶר הָאט אָנְגֶעהֵייבֶּען פְרִיעֶר:

— לִיבֶּע בלומח, זָאגְט עֶר, עֶס אִיז שוֹין בַּאלְד אַיָאהר, וִויא אִיךְ בִּין אַיין אַיינְגֶעהֶער בַּייא אַייךְ אִין הויז. אַייעֶר מִילְדֶעס וֶועזֶען, אַייעֶר עֶדֶעלֶן כַארַאקְטֶער אונ אַייעֶרֶע אִיבְּרִיגֶע גְלָאנְצֶענְדֶע אַיינֶענְשַׁאפְטֶען הָאבּ אִיךְ שׁוֹין לַאנְג קֶענֶען גֶעלֶערְנְט. לִיבֶּען אַייךְ הָאבּ אִיךְ נִיט גֶעוואַגְט, דֶען מִיר שְׁטֵייעֶן צוּ וַייט אַיינֶע פוּן דִי אַנְדֶערֶע; אָבֶּער זַיין אַייךְ אַנוּטָער פְרַיינְד הָאבּ אִיךְ מִיךְ פֶעסְט בֶּעשְׁלָאסֶען, אִיךְ הָאבּ עֶס אַייךְ נִיט גֶעזָאגְט; אָבֶּער אִיךְ בִּין גֶעוֶוען גְלִיקְלִיךְ, אַז אִיךְ הָאבּ מִיר אַלֵיין גֶעזָאגְט: אִיךְ בִּין בלומהס אַנוּטֶער פְרַיינְד אונ אִיךְ בִּין בֶּערֵייט צוּ טָאן פַאר אִיהר אַלֶעס אִין דֶער וֶועלְט. הַיינְט אִיז אַזוֹא: אַיין אוֹיסְוואוּרְף הָאט אַייךְ בֶּעלֵיידִינְט, דָאס הַייסְט, אוּנְטֶער דֶער חוּפָּה אַוֶועק גֶעוָוארְפֶען. אַייעֶר פָאטֶער בֶּעט מִיךְ, אִיךְ

זאל זיך שטעללען אונטער דער חופה אנשטאט יענעם, דאס הייסט אייך ביין וואשע פון דעם שבועץ, וואס יענער האט אויף אייך געווארפין. איך בין בערייט דאס צו טאן, ווייל איך בין אייך אנטער פריינד, — אונ מאנען אין דער פריה קענען מיר זיך גטן.

ביי דעם ווארט איז זיא געוואָרען בלייך וויא אטוך אונ זאגט:

— וואס רעדט איהר, ליבער מיכל?

— איך בין דאך מעהר ניט וויא איין אונטער געשטעללטער חתן, אבער...

— ניין, ניין, ליבער מיכל. איך וויל האבען ארוהיגעס, גליקליכעס לעבען, אונ גליק קענט איהר מיר נאר געבען: איך דאנק גאטט, וואס עם האט זיך געמאכט אזא צו פאל, דורך וועלכען אונזער לעבען קען פערבונדען ווערען צו זאממען. נאך איינער יעטצטיגער פאר שלאג שטעללט אייך זעהר הויך אין מיינע אויגען. נאר איהר קענט אפרויא גליקליך מאכען.

— נו יעטצט בין איך גליקליך, — זאגט ער אינדעם ער האט צו געלייגט איהר האנד צו זיינע ליפפען. באלד איז אריין דער פאטער אונ מען איז אוועק צו דער חופה.



# 8.

הערשל, ווען זרח שמשון איז אוועק פון איהם, איז געבליבען ווארטענדיג: מען וועט באלד קומען אונ מען וועט איהם ברייגגען דאס געלד, וויא פיל ער וויל: ער האט זייא נאך בעשטראשעט, אז אויב מען וועט פערזאמען אפילו צעהען מינוט, וועט זייא

דָאס קָאסְטָען אַהוּנְדֶערְטָער. נוּ וָואס דַארְף מֶען מֶעהְר? יָעטְצְט פִּיהְרְט עֶר דָאךְ שׁוֹין גָעוִוים אוֹיס וָואס עֶר וִויל. עֶר גֶעהְט אַרוּם אִיבָּערְן צִימְמָער אִין אוּנְגֶעדוּלְדִיגֶער עֶרְוַוארְטוּנְג, הָארְכְט זִיךְ אַיין צוּא יֶעדֶער גֶערוֹישׁ אִין קָארְרִידָאר, — מֶען קוּמְט נִיט. עֶס אִיז פָּארְאִיבֶּער צֶעהֶען מִינוּט, צְוַואנְצִיג, — נִיטָא. וָואס קֶען דָאס זַיין? נִיט שׁוֹין אִיז בַּייא זַייא רֶעכְט, אַז אַלֶּלֶע זָאלֶען פַאנַאנְדֶער גֶעהֶען אוּנ דִיא כלה זָאל בְּלַייבֶּען זִיטְצֶען אִין אִיהר חוּפָּה קְלֵייד וַויינֶענְדִיג? דָאס קֶען נִיט זַיין... זַייא מוּזֶען קוּמֶען... אליקום מֶעג אַקֶעגְן מִיטְן נָאז דִיא עֶרְד, אוּנ גֶעלְד וֶועט עֶר בְּרַיינְגֶען. הָאט עֶר גִיט — וֶועט אִיהם גרונם גֶעבֶּען גִישְׁקֶקשָׁה; אַז נִיט רִיהְר אִיךְ זִיךְ נִיט פוּן אָרְט. עֶס אִיז פָארְאִיבֶּער אַשָׁעָה צַייט, — נִיטָא. עֶר אִיז שׁוֹין גֶעוָוארֶען שְׁטַארְק אוּנְרוּהִיג. עֶר הָאט פוּן דֶעסְט וֶועגֶען גֶעוָועלְט דֶער שְׁדוּךְ זָאל יָע צוּ שְׁטַאנְדֶע קוּמֶען אוּנ עֶר זָאל הָאבֶּען דִיא גֶעלְד; עֶר דַארְף זַייא הָאבֶּען נֵייטִיג, דֶעןָער אִיז אַגְרוֹיסֶער בַּעַל חוֹב. עֶר הָאט זִיךְ קוֹים אַיינְגֶעבֶּעטֶען בַּייא זַייא, זַייא זָאלֶען אִיהם וַוארְטֶען בִּיז נָאךְ דֶער חֲתוּנָה, וָועט עֶר זַייא בַּאצָאהלֶען פוּן דִיא נַדַן-גֶעלְד. אָבֶּער וָואס טְהוּט מֶען? מֶען קוּמְט נִיט... מֶען בְּרֵיינְגְט אֲפִילוּ נִיט דִיא אַכְט הוּנְדֶערְט רוּבְּל. עֶס קוּמְט גָאר קֵיינֶער נִיט רֵיידֶען מִיט אִיהם אַוָוארְט; עֶר וָואלְט זִיךְ שׁוֹין לָאזֶען בֵּייגֶען, — וָואס קֶען מֶען בֶּעסֶער מַאכֶען?

עֶס עֶפְּנְט זִיךְ דִיא טְהִיר, עֶס גֶעהְט אַרַיין זרח שמשון. עֶר אִיז פְרַיילִיךְ אוּנ אַבִּיסְל אָנְגֶעטְרוּנְקֶען. העשל הָאט פְּרַייא אוֹיפְּגֶעאַטֶעמְט אוּנ זָאגְט:

— קוֹים זִיךְ אוֹיס גֶעשְׁלָאפֶּען!... נִיטָא וָואס צוּ רֵיידֶען. אִיהר הָאט שׁוֹין גֶעבְּרַאכְט דִיא גֶעלְד? אִיצְטֶער זָאלְט אִיהר וִויסֶען, גֶעהְם אִיךְ נִיט קֵיין צְוַוייא הוּנְדֶערְט, אִיהר גֶעדַיינְקְט וָואס אִיךְ הָאבּ אַייךְ גֶעזָאגְט?

— אִיךְ גֶעדֶענְק גַאנְץ נִיט ; דֶער פָאר הָאבּ אִיךְ אַייךְ טַאקֶע נִיט גֶעבְּרַאכְט . . ; אוּן מֶען וָועט אַייךְ דַוְקָא נִיט בְּרֵיינְגֶען קַיין גֶעלְד . וָועגֶען דֶעם מֶענְט אִיהר גַאנְץ רוּהִיג זַיין .

הֶעשֶׁל הָאט אַטְרָאט גֶעגֶעבֶּען צוּרִיק אוּן אִיז גֶעוָוארֶען בְּלֵייךְ . עֶר הָאט דֶערְהֶע'ט , עֶס בְּלָאזְט אַקַאלְטֶער וִוינְד .

— נָאךְ וָואס דֶען זַייט אִיהר גֶעקוּמֶען אַהֶער ? פְרֶעגְט עֶר מִיט אַהֵייזֶערִיגֶע שְׁטִימְמֶע .

— אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען אַייךְ בֶּעטֶען אוֹיף חֲתוּנָה , פֶערְשְׁטֵייט אִיהר מִיךְ .

— אִיךְ הָאבּ דָאךְ אַייךְ גֶעזָאגְט , אַז אָהן דִיא גֶעלְד גֶעה אִיךְ צוּ דֶער חוּפָּה נִיט .

— נֵיין , נִיט צוּ דֶער הוּפָּה , לִיבֶּער הֶעשֶׁערֶע . דֶער מְחוּתָּן ר' אליקום הָאט אַייךְ גֶעלָאזְט בֶּעטֶען צוּ דֶער חוּפָּה וֶועצֶערֶע , פֶערְשְׁטֵייט אִיהר מִיךְ . פָארְט אַלְטֶע בֶּעקַאנְטֶע . . .

— וִויא הֵייסְט עֶס אוּן דִיא הוּפָּה ?

— אִיז שׁוֹין גֶעוֶועזֶען מִיט מַזָל , לִיבֶּער הֶעשֶׁעלֶע . יֶע . אוּם מַחְשָׁבוֹתֶן , מַזָל טוֹב אַייךְ , מַזָל טוֹב אוּנְז אַלֶעמֶען !

— שְׁטֵייטְשׁ וִויא אַזוֹא ? פְרֶעגְט עֶר מִיט אַפֶערְשְׁטִיקְטֶע שְׁטִימְמֶע .

— נִיט שׁוֹין מֵיינְט אִיהר , לִיבֶּער הֶעשֶׁעלֶע , אַז אִיהר זַייט מֶעהר נִיט וִויא אֵיין מַאנְסְבִּיל אוֹיף דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט , אַז אִיהר הָאט זִיךְ אַזוֹא גֶעקוּרַאזֶעט ? — אִיהר הָאט גֶעהַאט אַשְׁטִיקֶל יְשׁוּעוֹת , הָלֶעבֶּען . זֶעהְט אִיהר . אַמֶענְשׁ , וָואס קֶען גוּט שְׁפִּילֶען אִין קָארְטֶען ; וָואס קֶען אָנְמַאכֶען פִיל שׁוּלְדֶען אוֹיף דֶעם רֶעכְנוּנְג פוּן דִיא נַדָן ; וָואס קֶען מַאכֶען אַשְׁקַאנְדַאל אוּנְטֶער דֶער חוּפָּה אוּן וָואס שֶׁעמְט זִיךְ נִיט פַארְגָאטְט אוּן נִיט פַאר לַייטֶען , — אָט אַזָא מֶענְשׁ אִיז

ניט פון ארטן) טאקע

טַאקְע אַזְעלְכְטֶענְהַייט . אוּנ בְּלוּמְחֶן אַרְט נִיט אַז אִיהר חתן וֶועט נִיט הָאבֶּען אָט דִיא אַלְלֶע מַעֲלות , אוּנ הָאט טַאקֶע הַיינְט גֶענוּמֶען מִיכל חאנין .

— אָט דֶעם קַבְּצָן ? אָט דֶעם אָרֶעם בָּחוּר ?

— שְׁרֶעקְט זִיךְ נִיט , עֶר אִיז פְרִיעֶר גֶעוֶעזֶען רַייכֶער פַאר אַייךְ אוּנ הַיינְט אַוַדַאי . פְרִיעֶר , פֶערְשְׁטֵייט אִיהר מִיךְ הָאט אַייךְ גֶעפֶּעהלְט עֶטְלִיכֶע הוּנְדֶערְט רוּבְּל , אוּם עֶרְסְט צוּ וֶוערֶען אַזָא קַבְּצָן וִויא עֶר ; וָוארוּם אִיהר זַייט דָאךְ גֶעוֶוען אַבַּעַל חוֹב אוּנ עֶר נִיט . אוּנ הַיינְט אִיז עֶר אַגְבִיר עֶנְטְגֶעגֶען אַייךְ : עֶרְסְטֶען הָאט עֶר דִיא 800 רוּבְּל נַדָן אוּנ צְוֵוייטֶען נִיט אִיהם גרונם שׁוֹין אַשְׁטֶעלְל אוֹיף זֶעכְצִיג רוּבְּל אַמָאנַאט . עֶר אִיז בַּייא אִיהם גֶעוָוארֶען אַנַאנְצֶער יָקָר . יָע , אוּנ אַם לֶעטְצְטֶען וֶועל אִיךְ אַייךְ זָאגֶען נָאךְ אַוָוארְט : בְּלוּמְחֶן . . . אָט דִיא שֵׁיינֶע בְּלוּמְחֶן , וָואס אַייךְ הָאט נִיט גֶעאַרְט פַאר אִיהר , וָוען זִיא הָאט גֶעחַאפְּשְׁט , אָט דִיא בְּלוּמְחֶן לִיבְּט אִיהם טַאקֶע אוּנ מִיט אַיין אֶמֶת . . נוּ אַגוּטֶע נַאכְט !

מִיט דִיא רֵייד אִיז עֶר אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען אוּנ הָאט גֶעלָאזֶען הֶעשְׁלֶען נִידֶער גֶעשְׁלָאגֶען .



# ע נ ד ע

(ניט פון ארט)